Nr. 1b. **Jüdische Frauenwelt.** ערשטער יאהרגאנג.




# א צייטונג פיר פרויען און יודישע פאמיליע.

ערשיינט יעדע וואך.


אדרעססע פיר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Frauenwelt"
Krakau, Krakauergasse 12.

אדרעססע פיר רוססלאנד:
Издательство „ТУШІЯ"
ВАРШАВА
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ".
מינדליך: נאוואליפקי 7, וו. 9.

אבאנעמענט־פרייז: עסטרייך־אונגארן יעהרליך 7.50 קראנען, האלביעהרליך 3.75 קראנען, פירטעליעהרליך 1.90 קראנען. — דייטשלאנד יעהרליך 6.80 מארק. — אנדערע לענדער יעהרל ך 8.25 פראנק. — אמעריקא־ענגלאנד יעהרליך 6 שילינג, 6 פענס.
צוזאממען מיט דער „יודישע פאלקסצייטונג" יעהרליך 12.50 קראנען; 14 פראנק; 11.20 מארק; 11 שילינג.
האלב־יעהרליך און פירטעל־יעה ליך לויט דיעזע רעכנונג.

פיר רוססלאנד: גאנץ־יעהרליך 3 רובל, האלב־יעהרליך 1.50 רובל, פירטעל־יעהרליך 75 קאפ.
צוזאממען מיט דער „יודישע פאלקסצייטונג" נור 5 רובל יעהרליך; האלב־יעהרליך 2.50 רובל; פירטעל־יעהרליך 1.75 רובל.
—— איינצעלנע נומערן 7 קאפ׳; 14 העללער. — ענדערן דיא אדרעססע קאסט 20 קאפ׳; 40 העללער. ——

פרייז פון מודעות: פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ׳; 40 העללער; 50 פפעניג.


Krakau, 13 Juni 1902. Nr. 1b. קראקוי, ח׳ סיון תרס״ב (31 מאי א. ס.)



## די יודישע פרויען־וועלט.

דאס לעבען פון דער יודישער פרוי איז געוועזען ענג איינגעשלאסען אין דעם יודישען הויז, אין דער יודישער פאמיליע. טהיילמאל האט זי זיך אויך אבגעגעבען מיט די געשעפטען פון איהר מאן אדער ביי איהר פאטער. דאס רוב אבער האט די יודישע פרוי געפיהרט א שטילעס לעבען אין דעם קליינעם קרייז פון איהר אייגענער פאמיליע, צווישען די ענגע פיער וואנד פון איהר הויז.

די פאמיליע — קען מען באמת זאגען — איז געוועזען נאר א בעזונדער מלוכה פון דער יודישער פרוי. דארט האט געהערשט איהרע מוטערליכע ליעבע, דארט האט זי שטיל געלעבט צו ליעב איהר מאן און קינדער, געלעבט און גע־ארבעט פאר די ליעבע נפשות פון איהר הויז. זי האט געזוכט צו ערציעהען איהרע קינדער אין יודישקייט און געטרייקייט צום פאלק ישראל. נאך אין וויגעלע האט זי געזונגען איהר קינד דאס יודישע לידעלע: „תורה איז די בעסטע סחורה", און האט תמיד געזוכט צו וועקען אין זיין יונג קינדערש הערצעלע דאס יודישע געפיהל, איינפלאנצען אין דעם יודישען קינד דאס פינטעלע יוד. איהר מאן האט אין די קליינע פיער ווינקעלעך פון זיין הויז געפונען רוהיגע מינוטען און טרייסט אין דעם יודישען שווערען לעבען. דאס אלעס האט דער יודישער מאן געפונען אין דער שטוב, וואס עס האט געהערשט דיא אייביג טרייע יודישע פרוי.

שטיל, אָהן געריש, האָט זיך געצויגען דאָס לעבען אין דער פאַמיליע. דער געשריי און געפּילדער פון דעם מאַרק, וואו דער יוד האָט שווער און ביטער קוים פערדיענט זיין שטיקעל פּרנסה, איז אָפּט פערשטומט געוואָרען אויף דער שוועל פון דעם יודישען הויז. די גרויסע און פיינדליכע וועלט אין די אַלטע צייטען האָט אַלע מאָל אָנגעפילט מיט שרעק דאָס צעבראָכענע האַרץ פון דער יודישער פרוי. מיט פערדאַגה'טע בליקען, מיט פערבאָרגענע זיפצען האָט זי תמיד בעגלייט איהר מאַן און איהרע קינדער, בשעת זיי זענען אַוועק פון שטוב. און ערשט דאַן פלעגט זי זיך בערוהיגען, אַז זיי זענען בשלום געקומען צוריק אַהיים. די יודישע פרוי האָט אין יענע צייטען ניט געוואָלט וויסען פון דער ווייטער וועלט; די שטוב, די פאַמיליע — זיי אַליין זענען געווען איהר גאַנצע וועלט.

דאָס היילינע „צאינה וראינה", די עטליכע שענע „מוסר־ספרים", וואָס זי האָט געלייענט אין די פרייע מינוטען, איז גענוג געווען אויסצובילדען איהר יודישעס האַרץ.

די צייטען האָבען זיך געביטען, און מיט זיי אויך די מענשען. די פערשיעדענע איראָפּעאישע וויסענשאַפטען און חכמות, די גרויסע מענשליכע בילדונג האָבען אָנגעהויבען צו קלאַפּען מיט געוואַלד אויך אין דעם יודישען האַרץ און זיין מוח, און צו מיטשען איהם מיט אַלערליי שאלות. דאָס שטילע פאַמיליען־לעבען קען דאַרויף קיין תירוץ ניט געבען. מיט פרעגענדע בליקען קוקען די אונטערוואַקסענדע יודישע קינדער אויף זייער מוטער, — זי אָבער, די אונוויסענדע יודישע מוטער איז ניט אין שטאַנד צו ענטפערן אויף זייערע שאלות און מיט איהר וואָרט צו בערוהיגען די אונרוהיגע קינדערשע הערצער, דאָס הייסט: אויסהאָדעווען און ערציהען קינדער, מאַכען זיי טאַקי פאַר שטיקלעך מענשען, ווי עס פאָדערט היינטיגע צייט. די יודישע פרוי מוז האָבען קענטעניס, וועלכע זי קען ניט געפינען אין איהרע פאַרצייטיגע מוסר־ספרים. די יודישע מוטער הויבט אָן צו פערגעסען איהר אַלט יודישעס „לידעלע פון דער בעסטער סחורה", גאַנץ נייע לידער מוז זי איצט זינגען, וויגענדיג דאָס יודישע וויגעלע — און אין איהרע לידער קלינגען איצטער גאַנץ אַנדערע נאָטען, אַנדערע דאגות, אַנדערע ווינשע און האָפּנונגען.

און זעלבסט דאָס יודישע שטוב־לעבען האָט זיך ביסלעכווייז אויך אַסך געאַנדערט און גאָר אַ אַנדער פּנים בעקומען. מען עסט, מען קליידעט זיך און מען וואוינט היינטיגע צייטען גאַנץ אַנדערש, גאָר ניט ווי אַמאָל, אין די פּשוט'ע, כ... צייטיגע דורות. און עס איז היינט גאָר ניט אַזוי גרינג אַ גוטע בעל־הבית'טע צו זיין: גאָר אָהן קענטעניס, אָהן וויסען, איז איצט כמעט אונמעגליך איין אָרדענטליכעס הויז צו פיהרען און לעבען, ווי מען זאָגט, „לייטען־גלייך".

ווילענדיג זיין אַ גוטע מוטער און מאַכען קינדער פאַר מענשען, ווילענדיג זיין אַ גוטע בעל־הבית'טע און לעבען לייטען גלייך, וואַרפט זיך די יודישע פרוי לייענען ביכער

# פעליעטאָן.

## אַ פּרעמיע

פון

### שלום־עליכם.

די פרויענוועלט...
די ווייבערשע וועלט...
אַ וועלט פון ווייבער!...

דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לעבען פיהל איך מיך נישט ווי עס געהער צו זיין — קיין עין הרע צווישען אַזוי פיעל ווייבער! איך ווייס נישט ווי אַזוי איך זאָל מיך האַלטען, פון וואַנען און פון וואָס איך זאָל אָנהויבען צו רעדען. פון „שלום עליכם"? ווי אַזוי גיט מען אַ יודינע „שלום עליכם"?... פון דער „פּאַגאָדע" — נישט אינטערעסאַנט. פון „היינטיגער מאָדע" — אַרויס פון דער מאָדע. מאַכען אַ שמועס פון טהעאַטער — זענען פאַראַן ווייבער אַזעלכע וואָס גייהען אין בית־המדרש, נישט, להבדיל, אין טהעאַטער. ריידען פון בית־המדרש — פאַראַן ווייבער אַזעלכע וואָס גייהען להבדיל אין טהעאַטער, נישט אין בית־המדרש. אָפּרעדען אַביסעל פון דעם און פון יענעם, פון בעקאַנטע און אומבעקאַנטע, חלילה נישט באַריי־דען, נישט באַליידיגען קיינעם. נאָר, דעם ריינעם, דעם כשרען אמת (דעם אמת מ..ג מען דאָך זאָגען אַפּילו אויף איין אייגענעם טאַטען!) דערציילען וואָס מ'ע שהוט זיך ביי דער, וואָס הערט זיך ביי יענער.

וועמען האָט דער מאַנן געקויפט אַ מתנה, ווי אַזוי זעהט יענע אויס אין איהר נייער ראָטאָנדע, וואָסער מאַדאַם פאָהרט היינטיגען זומער אין מאַריענבאַד און ווער פאָהרט קיין פראַנצענסבאַד, וואָס האָט עפּיס יענץ מיידיל געטאַנצט דעם גאַנצען אויפדערנאַכט מיט יענעם בלאָנדין, געקראָכען איהם אויפ'ן האַלז, צי שמועסט זיך דאָ ניט וועגען אַ שדוך, און אַפּילו אַז אַ שדוך איז וואָס? בעדאַרף מען זיך אַזוי אָנהייגען אויף יענעם? ווי אַזוי שעמט זיך דאָס ניט אַ מויד פאַר לייטען? וואָס? איהר פרעגט למאי איזאַבעללע? ערשטענס האָט איזאַבעללע אַ מאַנן, און איז מאוס ווי דער גיהנם, און צווייטענס מעג איזאַבעללע אויך האָבען אַזאַ יאָהר וואָס פאַר אַ פּנים דאָס האָט. ביינט זיך אָן צו מיר, וועל איך אייך עפּיס זאָגען אויפ'ן אויהער...

אַזעלכע וכדומה אַזעלכע שמועסען איז אָבער גוט אונטער פיער אויגען. ווענט האָבען אויהערען, עמיצער וועט זיך אונטערהערען, חאַפּען אַ וואָרט, קאָן דערפון אַרויס אַ קאַכעניש — וואָס טויג עס אונז? לאָמיר בעסער ריידען פון דער „פרויענוועלט". —

פערטראַכט אַרויסגעבען אַ יודישען זשורנאַל פאַר פרויען מיט'ן נאָמען „די פרויענוועלט" האָבען די רעדאַקטאָרען מיר געשיקט זאָגען: „מע האָט געלאַזט בעטען דעם הער שלום־עליכם ער זאָל זיך מטריח זיין קומען צו דער „פרויענוועלט" אויף לעקאַך־און־בראָנפען"...

די משמעות אַז ס'איז ביי זיי אַ שמחה, און פון אַ שמחה ווייסט איהר דאָך טאָר מען זיך ניט אָפּזאָגען. וואָרום ביי אונז אַ שמחה איז ניט נור אַ שמחה אַליין, ס'איז אי אַ שמחה אי אַ מצוה,

און לייענט מיט גרויס התפעלות אלעס וואס זי בעקומט אין די הענד, און אפט גלויבט זי אין די נייע ביכער מיט דער־זעלבע תמימות ווי די פארצייטיגע יודישע פרוי אין איהר „צאינה וראינה".

ניט שטענדיג אבער ברענגען די ביכער דאס וואס די יודישע פרוי ווינשט. נור זעהר ווייניג פרויען האבען די מעגליכקייט אויסצולערנען א אייראפעאישע שפראך און צו געניסען פון איין אייראפעאישער ליטעראטור. אבער אפילו אזוינע גליקליכע פרויען געפינען ניט אין זייערע ביכער וואס זיי דארפען פאר זיך, פאר זייערע ענטוויקעלקייט; זיי געפינען דארט אלץ וואס עס ברויכט צו וויסען א מוטער און א פרוי איבערהויפט, ניט אבער וואס עס דארף וויסען די יודישע מוטער און די יודישע פרוי. דאס קענען זיי פון די אייראפעאישע ביכער ניט וויסען. היינט אזוינע יודישע פרויען, וועלכע קענען ניט קיין אנדערע שפראכען און האפען זיך פאר די זשארגאנישע ביכלעך, איז נאך ערגער: זיי זוכען אין די דאזיגע ביכער א בערוהיגונג פאר זייער הארץ, א ריכטיגע עצה, ווי צו לעבען אויף דער וועלט, זוכען אומזיסט, ווארום די פינסטערע זשארגאנישע מארק־ליטעראטור קען זיי גאר נישט געבען, זי פערפיהרט זיי אלץ מעהר און מעהר אין א פאלשער וועלט פון נארישע פאנטאזיעס און פוסטע חלומות...

דאס איז דאך ממש א וואונדער, און דאך איז דאס איין אמת, אז די יודיש־זשארגאנישע ליטעראטור האט ביז צום היינטיגען טאג כמעט ווי גאר ניט געזארגט פאר די יודישע פרוי און האט קיין מאל ניט אטראכט געטאן, ווי נייטיג דאס איז צו ווענדען זיך צו דער יודישער פרוי, בעווייזען איהר די מיטעל ווי אזוי צו לעבען אויף דער וועלט און אין דעם קרייז פון דער יודישער פאמיליע. די זשארגאנישע ליטעראטור האט די יודישע פרוי פערגעסען, דער פאר איז די דאזיגע ליטעראטור עד היום ניט געוועזען איין אמת'ע און ניטצליכע פאלקס־ליטעראטור...

זעהענדיג דאס אלעס האבען מיר בעשלאסען ארויסצוגעבען א נייע צייטונג אונטער דעם נאמען: „די יודישע פרויען־וועלט" פאר דער יודישע פרוי און איהרע אינטערעסען.

די „יודישע פרויען־וועלט" וועט ארום־רעדען די עקאנאמישע לאגע פון דער יודישער פרוי, ווי אויסער דער יודישען פאמיליע אזוי אויך אין איהר פאמיליע. זי וועט בעטראכטען די פרויען־ארבייט און אנדערע בעשעפטיגונגען, זי וועט אויך אנווייזען אלע וועגען און מיטעל, וועלכע קענען פארבעסערען און פערפיינערן די בעשעפטיגונגען פון דער יודישער פרוי און איהר פערדיענסט.

די „יודישע פרויען־וועלט" וועט אויך מיטטיילען איהרע לעזער אזעלכע קענטעניס, וואס זענען נייטיג יעדער בעל־הבית'טע אין הויז, ניטצליכע ידיעות פאר קאכען און נייען און רעסטגלייכען, הויזליכע מלאכות, וואס קענען געבען דער פרוי, בעזונדער דער מיטלערער, ניט פערמעגליכער

---

למשל: נעמט א חתונה. ביי זיי א חתונה און ביי אונז א חתונה. ביי זיי איז א חתונה א חתונה, און ביי אונז איז א חתונה טאקי א גאנצע חתונה!

ביי זיי אז עס קומט א חתונה, אויב איהר האט זיך צוגעקוקט, איז קאלט ווי אייז; דער חתן — אין א שווארצען פראק מיט א קווייטיל, די כלה — פון קאפ ביז פיס אין ווייסען, ווי אין תכריכים, מע פליהט מיט קארעטעס הין און צוריק — וואס? ווער? וועמען? — גארניט!

אבער ביי אונז? ביי אונז אז עס קומט א חתונה איז א טראסק, א הו־הא, חתונה קליידער, א פארשפיעל, א חתן־מאל, א אויפרופענס, איין ארעם מאלצייט, א בעדעקענס, א חופה, כלי־זמר, מחותנים, שמשים, סארווערענס, גילדענע יוך, דרשה־געשאנק, כשר־טאנץ, שלייערווארמעס — סע קאכט ווי אין קעסיל!

אמת, עס הויבט שוין היינט ביי אונז אויך אן אונטערגיין. מיר הויבען שוין אן ביסלעכווייז נאכטאנצען „זיי". עס הויבט שוין ביי אונז אויך אן אריין אין דער מאדע א טרוקענע חופה, א חתונה אהן כלי־זמר, מיט אביסעל זויערס, וואס מע רופט דאס שאמפאניר־ווין, און תיכף ומיד ווי דער חתן האט אנגעטהון דער כלה דאס פינגעריל און קוים מיט צרות נאכגעזאגט דעם ראבינער ווארט ביי ווארט די געציילטע עטליכע ווערטער „הרי את מקודשת לי", קומט אויף זיי ביידען איין אויסחאפעניש, מע מאכט א האכצייטס־רייזע", ווייט, ווייט, אהין קיין אויסלאנד.

דערמאנט „האכצייטס־רייזע" איז מיר געקומען אויפ'ן זינען א שיינע מעשה, וואס איך קאן מיך ניט איינהאלטען און מוז אייך זי איבערגעבען, נאר צווישען אונז זאל דאס בלייבען; קיין אנדערען וואלט איך עס ניט דערציילט, נאר ביי אייך ווייס איך אז עס וועט זיין א סוד...

געטראפען האט זיך עס אין א שטאדט, אין א גרויסער שטאדט, למשל... אין יעהופעץ. דאס איז געוועזען א חתונה פון די היינטיגע חתונות, דורך א ראמאן, דורך א „פערליבעניש". דאס הייסט חתן־כלה האבען זיך ביידע פערליעבט, און שטארק פערליעבט; ער האט זיך פערליעבט אין די עטליכע און דרייסיג טויזענד וואס מע האט איהר צוגעזאגט נדן, און זי האט זיך פערליעבט אין זיין דאקטארשען דיפלאם. קיין שדכן געוויינטליך איז דא ניט געוועזען, דאס הייסט ס'איז אפילו יא געוועזען א שדכן, נאר מע האט איהם ניט ארויס געזעהען, ער פלעגט געהן אויף דער אונטערטיר. ער האט געבאך שטארק געהארעוועט, אפגעגאנגען מיט שוויים ביז ער האט אויסגעגלייכט די מחותנים מכח'ן נדן, מחמת כלה'ס־צד איז געוועזען, ניט פאר אייך געדאכט, אביסעל חזירעוואטע און האט געוואלט אפרייסען עטליכע טויזענד פונ'ם נדן, און ס'איז גאר קיין עולה ניט, פאר וואס קומט א דאקטאר אזוי פיעל געלד? קארג דאקטוירים פאראן אין יעהופעץ? מע קריגט די מציאה, און פאר נויט נעמט מען א אינזשינער, אדער א יוריסט, סאי וסאי האבען זיי מכות פון זייער דיפלאם, אבי א „געענדיגטער"... אזוי האט געטענעט כלה'ס־צד.

חתנ'ס־צד האט אבער אויך ניט געשוויגען; חתנ'ס־צד האט געטענעט איין אנדערע טענה, און איז געבאך אויך געוועזען גערעכט:

וויפיל האט מיך אפגעקאסט ביז מיין זוהן האט געענדיגט גימנאזיע און איז אריין אין אוניווערסיטעט! אנו פריפט אייער זוהן

בעל־הבית׳טע די מעגליכקייט מיט קליינע מיטעל צו פיהרען איין אנשטענדיגעס הויזליכעס לעבען.

די „יודישע פּרויען־וועלט" וועט בעזונדער ארום רעדען די פראגען פון ערציעהונג, וועלכע אינטערעסירען אזוי די מוטער. זי וועט דורך ניטצליכע און גערינג פערשטענדליכע ארטיקלען אויפווייזען דער יודישער פרוי ווי צו ערציהען פון קינדערווייז־אן דאס יודישע קינד, זיין קערפּער און זיין גייסט, ווי אויסצובילדען אין איהם זיינע נאטירליכע פעהיגקייטען, אז ער זאל קענען ניטצליך זיין זיך אליין און אנדערע מענשען.

די „יודישע פּרויען־וועלט" וועט בריינגען ידיעות איבער די עקאנאמישע און גייסטיגע לאגע פון דער פרוי ביי אלע פעלקער און אין אלע לענדער; ארטיקלען וועגען דער געשיכטע פון דער פרוי און איהרע ענטוויקעלונג. וועגען איהר פריהעריגעס און איצטיגעס לעבען און אויך איבער איהרע צוקונפט (אויף שפּעטער).

אונזער צייטונג וועט בריינגען ניטצליכע און אינטערעסאנטע וויסענשאפטליכע ארטיקלען איבער די נאטור און מענשען, וואס קענען אויסבילדען דעם פערשטאנד און דעם ווילען פון דער יודישער פרוי, וואס וועלען איהר אויך געבען די מעגליכקייט איהרע קינדער צו בילדען און צו טיילען זיך מיט זיי מיט איהרע ניטצליכע קענטעניס.

אויך וועט די „פרויען־וועלט" בריינגען אויספיהרליכע לעבענס־בעשרייבונגען פון בעריהמטע פרויען, יודישע און ניט יודישע, וואס קענען דיענען אלס ביישפּיעל פאר דער יודישער פרוי און שטארקען אין איהר דעם גלויבען אין די אייגענע כחות.

אונזערע „פרויען־וועלט" וועט דרוקען ראמאנען, ערצעהלונגען און אנדערע ווערקע, וואס שילדערן דאס ריכטיגע לעבען פון דער יודישער פרוי.

די „יודישע פרויען־וועלט" וועט אויך זוכען בעקאנט מאכען די יודישע פרוי מיט דער יודישער געשיכטע. זי וועט זוכען צו וועקען אין איהר דאס יודישע געפיהל, די ליעבע פיר דעם יודישען פאלק. דען נור דאן, ווען די יודישע פרוי וועט פעראייניגען איהר גורל מיט דעם גורל פון איהר פאלק, נור דאן קאן דאס יודישע פאלק ערווארטען אויף אבעסערע און גליקליכערע צוקונפט.

די „יודישע פרויען־וועלט" וועט האבען פאלגענדע אבטהיילונגען:

I. דאס יודישע הויז, אין וועלכער עס וועט זיך געפינען שילדערונגען פון יודישען הויז, זיינע פריהעריגע, איצטיגע און צוקינפטיגע געשטאלט אין לעבען. אויך וועלען אין דערזעלבען אבטהיילונג געבראכט ווערען ארטיקלען, וועלכע וועלען אנווייזען ווי צו פיהרען א הויז־ווירטשאפט, ווי צו בעסערען די שפּייזונג, קליידונג און וואהנונג פון דער פאמיליע און וועלכע הויז־מלאכות קענען איינגעפיהרט ווערען אין דער פאמיליע אין אזוינע שטונדען, וואס זיינען פריי פון הויזליכע ווירטשאפט.

II. די עקאנאמישע וועלט, אין וועלכער עס

---

אריינגעגעבען אין אוניווערסיטעט! איהר שפּילט זיך דיינטיגע יאהרען מיט א דיפּלאם? א דיפּלאם איז צעהענטויזענד, וואס זאג איך צעהענטויזענד? צוואנציג טויזענד! דרייסיג טויזענד! עס לאזט זיך גאר ניט אפּשאצען!

— צוואנציג טויזענד, דרייסיג טויזענד, איך קאן דאס ניט ליידען! — האט זיך שוין אריינגעמישט דער חתן אליין, — איך האב נישט דערויף געלערנט מע זאל זיך דינגען איבער מיר ווי מע דינגט זיך איבער איין אקס. וואס טויג אייך שאצען מיין דיפּלאם, איהר שאצט בעסער מיך אליין. אז איך וויל זאג איך, אז איך האב גאר נישט, און אז איך וויל זאג איך אז איך בין א קאפּיטאליסט. נאט אייך א פּראסטען חשבון: איך האב פון דער פּראקטיקע שוין דריי טויזענד קארבען א יאהר (שפּעטער וועל איך מסתמא האבען מעהר), נעמט קאפּיטאליזירט דאס אויף זעקס פּראצענט, מאכט דאס ניט קיין פופציגטויזענד?

— סא משל! — רופט זיך אן דער שדכן (נישט קיין גרויסער פּראמאך און נישט קיין קליינער עזות פנים) — א שוסטערשער חשבון! וואו האט איהר היינט געלד אויף זעקס לשנה?...

בקצור — מע האט זיך אויסגעגלייכט מיט׳ן נדן. און אז מע האט זיך אויסגעגלייכט מיט׳ן נדן, איז ערשט דעמאלט געווארען צווישען חתן־כלה דאס אמת׳ע פערליעבעניש (האטש די כלה איז, צווישען אונז רעדענדיג, געוועזען א „דערשרעקעניש", ד. ה. אז מע האט איהר א קוק געטהון אין פנים האט מען זיך געקאנט דערשרעקען...) — דער חתן האט אנגעהויבען געהן צו דער כלה, אפּזיצען מיט איהר גאנצע טעג, שפּאצירען, טאנצען, טהעאטער, דאס, יענ׳ן. דער שדכן האט ניט אויפגעהערט צו געהן אויף דער אונטערטיר געוואהרע ווערען, נאך זיין שפּראך „וואו האלט דער בלאטער"... נאכדעם אז עס האט, נאך דעם שדכנ׳ס לשון, „אפּגעריסען", האט דער חתן איבערגערעדט מיט דער כלה, די כלה האט איבערגערעדט מיט דער מאמאשא, די מאמאשא האט איבערגערעדט מיט׳ן פּאפּאשא: „דאס קינד איז פערליעבט... אין א גוטער שעה... לאז זיין מיט גליק"... אז דער שדכן איז געוואהרע געווארען, האט ער זיך אויפגעהאפּט פונם ארט, געריבען די הענד און א זאג געטהו׳ אויף זיין לשון:

— געלאפּענט דער בלאטער! געלויבט איז גאט...

עס זענען צעשיקט געווארען אין ניבען קארטליך איבער דער שטאדט: „דאקטאר קעבעבע און פריילין איזאבעללע פערקלאפּט"... און טאקי גאר אין גיכען איז געוועזען למזל די חתונה מיט דער גאנצער צערעמאניע מיט דער קארעטע, מיט׳ן הויכען צילינדער און מיט׳ן שווארצען פראק און מיט׳ן ווייסען קלייד און מיט׳ן שאמפּאנירוויין — און תיכף נאך דער חופה האבען זיך חתן־כלה אויפגעזעצט און ס׳איז געקומען אויף זיי איין אויסחאפּעניש.

בעדארף זיך טרעפען אזוי, אז גראדע ווען דאס גליקליכע פּארפאלק האט זיך אויפגעזעצט אין באהן פאהרען אהין, אין די ווייטע לענדער אריין, אויף „האכצייטסרייזע" בין איך, שלום עליכם, אויך געפאהרען. וואהין איך בין געפאהרען און וואס איך בין געפאהרען — איז ניט קיין נפקא מינה, אבי איך בין געפאהרען — נישט געגאנגען צופיס, און דווקא מיט א בילעט... אופ׳ן וואגזאל זענען ארויסגעקומען בעגלייטען חתן־כלה די גאנצע משפחה מיט

וועלען געבראכט ווערען אויספיהרליכע ארטיקלען איבער די עקאנאמישע לאגע פון דער פרוי, בעזונדער פון די ארעמערע קלאסען.

III. ערציעהונגס־פראגען. אין וועלכער עס וועלען קומען הויפטזעכליך ארטיקלען איבער די הויזליכע ערציעהונג פון קינדער.

IV. ביאגראפיען פון בעריהמטע פרויען, בעזונדער יודישע.

V. וויסענשאפטליכע ארטיקלען איבער נאטור און מענשען, וועלכע האבען אבעזונדער אינטערעס און ווערטה פאר דער יודישער פרוי אלם מענש און מוטער.

VI. בעלעטריסטיק, אין וועלכער עס וועלען קומען ערצעהלונגען, ראמאנען, פעלעטאנען, שירים און דעסטגלייכען. אויך איבערזעטצונגען פון אנדערע שפראכען, בעזונדערס פון דער העבראישער, כדי צו וועקען די ליעבע צו אונזער היילינגער שפראך.

VII. יודישע געשיכטע, בעזונדערס אזוינע ארטיקלען וואס וועלען בעקאנען די לעזערינען מיט דער געשיכטע פון דער יודישער פרוי.

VIII. קריטיק, וועלכע וועט אויפמערקזאם מאכען די לעזערין אויף אלע ביכער, וואס וועלען ערשיינען אין דער זשארגאנישער שפראך און אויך אין אנדערע שפראכען, כדי די יודישע פרוי זאל לעזען נאר דאס וואס קען נוטצען בריינגען.

IX. „די פרויען־וועלט“. נייעס וועגען דאס לעבען פון יודישע און אנדערע פרויען אין דער וועלט.

X. פראקטישע ידיעות. אין דער אבטהיילונג וועט די „יודישע פרויען־וועלט“ געבען אלע איהרע לעזערינען פראקטישע ידיעות אין אלע פראגען, וואס זיינען שייך צו הויזליכע ווירטהשאפט, צו פרויען־מלכות, ערציעהונגס־ און אנדערע נייסטיגע אינטערעססען.

XI. בריעף־קאסטען.

כדי גרינגער צו מאכען דאס לייענען פאר די לעזערינען פון אלע קלאסען, דרוקען מיר אונזער צייטונג מיט נקודות, האטש דאס איז פערבונדען מיט גרוים מיהע. דאס הייסט צוויי מאל אזוי טייער ווי אהן נקודות.

מיר וועלען ניט שפארען קיין מיהע, אז די „יודישע פרויען־וועלט“ זאל ווערען איין אמת'עס יודישעס פאמיליען־בלאט, וועלכעס זאל קענען נוטצען בריינגען יעדער יודישער פאמיליע.

אונזער „יודישע פרויען־וועלט“ איז די ערשטע צייטונג ביי אונז יודען, וואס פארטרעט די אינטערעססען פון דער יודישער פרוי אין איהר הויזגעזינד און זוכט איהר הילף און נוטצען צו בריינגען.

מיר האפען דארום, אז די יודישע פרויען, פון אלע קלאסען פון פאלק, וועלען וויסען צו שעטצען אונזער גוטען רצון און וועלען דורך זייערע אנטהייל־נעהמען אונז מיטהעלפען צו בריינגען אונזער יודישע פרויענצייטונג צו דעם

---

ביקעטען און מיט סטודענטען, ווי געוויינטליך. איך האב נאך ניט געזעהען קיין היינטמאדישע חתונה אהן ביקעטען און אהן סטודענטען! זאגט מיר וואס איז דער שכל? — מילא ביקעטען פערשטעה איך נאך; ס'איז ביי די דייטשען, זאגט מען, א מאדע בעגלייטען מיט בלומען; דער פשט איז: דער וועג פונ'ם פארפאלק זאל זיין אויסגעבעט מיט בלומען. אבער סטודענטען? וואס פאר א מחותן איז א פארפאלק מיט סטודענטען?...

הקצור דער קאנדוקטער האט א פייף געטהון און מיר פאהרען. דעם גאנצען וועג האב איך ניט אויפגעהערט צו קוקען אויפ'ן גליקליכען פארפאלק, וואס זיינען געפלויגען אויף די פליגלען פון דער היילינגער ליעבע אהין, אהין, אין א ווייטען לאנד אריין, דארטען וואו די ציטראנען בליהען, דארטען וואו עס וואקסען רויטע פאמעראנצען, דארטען וואו מע ווייסט ניט פון קיין קעלטען, פון קיין שנייען און פון קיין פרעסט. זיי וועלען קומען אהין, דאס גליקליכע פאר, וועט זיי ארויסקומען אקעגען די שיינע נאטור מיט א ברייטען שלום עליכם; אלעס, אלעס וועט זיי גריסען: דער לויטערער בלויער הימעל, די מילדעווארמע זונן, די פרישע געזונדע לופט; דאס גרינע פעלד וועט זיך אויסבעטען פאר זייערע פים, די הויכע בערג וועלען זיך אויסשטעלען פאר זיי מיט כבוד ווי סאלדאטען, דער ים וועט זיך צופלעסקען מיט זיינע גרויסע שטורמיגע חוואלים — עס וועט זיין א יום טוב ביי זיי אין דעם גן־עדן התחתון...

אזוי האב איך זיך געטראכט און נישט אראפגעלאזט קיין אויג פונ'ם פארפאלק, וואס זענען געזעסען אנגעשפארט איינ'ם צום אנדערען, ווי די טייבעליך און... געגעסען מאראנצען.

— שוין באלד די סטאנציע... — רופט ער זיך אפ צו איהר און טהוט א קוק אין פענסטער.

— יא, מיר וועלען שוין באלד פאהרען צוריק קיין יעהופעץ — רופט זי זיך אן צו איהם און חאפט זיך אויף פונ'ם ארט און מאכט צורעכט די האר.

— מיר זאלען דא חאטש ניט בעגעגענען קיין בעקענטע — מאכט ער צו איהר און נעמט זיך צום קוישעל.

— מיר וועלען זיך באלד אויפזעצען גלייך אינ'ם צוג צוריק — מאכט זיא צו איהם און ריקט אן דאס היטעל.

וואס הייסט דאס? זיי פאהרען דאך אהין, היינט וואס זאגען זיי עפים „צוריק“?... און איידער איך האב מיך ארומגעקוקט, זענען מיר שוין אלע דריי געשטאנען גרייט אויף ארויסצוגעהן פון וואגאן. זיי זענען ארוים פון דעם וואגאן אין יענעם וואגאן — איך נאך זיי; זיי פאהרען צוריק קיין יעהופעץ — איך מיט זיי. אין א פאר שעה ארום זענען מיר בשלום אלע דריי געקומען צוריק קיין יעהופעץ. אויפ'ן וואגזאל — ס'איז געווען שטאק נאכט — האבען זיי זיך אויפגעזעצט אין א צוגעמאכטער קארעטע און מארש צוריק אהיים.

איך האב פערשטאנען, אז זייער „האכצייטסרייזע“ האט זיך געענדיגט.

נאר וואס געהער זיך דאס אן מיט דער פרעמיע? נאר נישט; דאס איז גלאט אזוי זיך א מעשה, פערביי־געהענדיג. א יודישער מחבר און ווייבער האבען אין זיך ניין מאס רעד.

אלזא צוריק צו דער פרעמיע.

(ענדע קומט).

וועג. וועלכע מיר האבען אויסגעקליבען. מיר זענען גרייט אונזערע אלע קרעפטען אוועקצוגעבען, אז די צייטונג זאל ברענגען נוטצען יודישע מוטער, שוועסטער און טעכטער.

די רעדאקציע.

## אלגעמיינע נייעס.

— די פאליציי האט נישט לאנג ענטדעקט א קלוב, וואו פרויען שפיעלען אין קארטען אויף גרויסע סומען געלד. ווי עס האט זיך דער־נאך אויסגעוויזען, זענען די מיטגלידערען פון דעם קלוב געוועזען די אינ־טעליגענטעסטע פרויען אין נוי־יארק.

די פאליציי האט דעם קלוב פארמאכט.

— אין איטאליען האט א קאמיסיע אין פארלאמענט מסכים געוועזען מען זאל צולאזען פרויען צו ווערען אדוואקאטען.

— די דאקטוירים אין שאטלאנד זענען נאך עד היום נישט צו־פריעדען מיט דעם, וואס די פרויען שטודירען דארט די מעדעצין. זיי האבען נישט לאנג זייער אונצופרידענהייט ארויסגעוויזען דערמיט, וואס זייא האבען דורך א פראטעסט אויסגעפיהרט, מען זאל אבזאגען פרוי קלארק פון איהר שטעלע אלס דאקטארין אינ׳ם האספיטאל פון דער שטאדט מיקעלספילד אין שאטלאנד.

אלע דאקטוירים האבען דעם דירעקטאר פונ׳ם האספיטאל גע־סטראשעט, אז זיי וועלען זיך אבזאגען פון זייערע שטעלען, אויב פרוי קלארק וועט דארטען בלייבען; אתירוץ האבען זיי געזאגט, אז א פרוי קאן נישט זיין קיין דאקטאר אין אזא קראנקענהויז, וואו עס געפינען זיך קראנקע פון ביידערליי מינים. פרוי קלארק, וואס האט נישט געוואלט אז צוליעב איהר זאל דאס קראנקענהויז ליידען, האט זיך באלד אבגעזאגט פון איהר שטעלע און האט אפילו נישט געמאנט ביי די אויפ־זעהער, מען זאל איהר בעצאהלען פאר דעם גאנצען יאהר געהאלט, וואס קומט איהר, נאר מען האט עס איהר צוזאמען מיט א דאנק־בריעף אב־געגעבען.

— ניט לאנג איז געשטארבען די רוססישע שריפטשטעלערין אלעקסאנדרא ארקאדיעוונא דאווידאווא, די גרינדערין און ארויסגעבערין פון דעם מאנאטליכען זשורנאל „מיר באזשי“. די פערשטארבענע האט גענאסען איינע אויבערפלעכליכע וועלט־בילדונג אין פרוי דאווי־דאוואס פאנסיאן אין מאסקווא, דערנאך האט זי חתונה געהאט מיט דעם בעריהמטען וויאלין־שפיעלער און דירעקטאר פון קאנסערוואטאריום ק. י. דאווידאוו. ביז צום אנהויב פון די אכציגער יאהרען האט די פער־שטארבענע קיין שום אנטהייל נישט גענומען אין ליטעראַרישען לעבען. אונ׳ם יאהר 1885, בשעת פרוי יעוורעאינאווא האט געהאט בדעה ארויס צו געבען אין פעטערבורג א פרויען־צייטונג מיט דעם נאמען „סעווערני וועסטניק“, האט זי די פערשטארבענע איינגעלאדען אלס סעקרעטאר פון דער רעדאקציע. פון יענער צייט אן האט זי בעשטענדיג זיך מיט ליטע־ראטור בעשעפטיגט. אונ׳ם יאהר 1892 האט זי געגרינדעט דעם זשורנאל „מיר באזשי“, וועלכען זי האט רעדאגירט ביז די לעצטע שעה.

אין די ניינציגער יאהרען האט זי געגרינדעט א נייעם קינדער זשורנאל מיט דעם נאמען „וסחאדי“, וועלכען זיא האט אבער באלד אין אנדערע הענד איבערגעגעבען.

אלעקסאנדרא ארקאדיעוונא איז געשטארבען צו 54 יאהר.

## יודישע נייעס.

— אין לאנדאן איז געשטארבען צו דריי און אכציג יאהר פרוי נתנאל מאנטעפיארע, די מוטער פון הערר קלויד מאנטעפיארע.

א גרויסע נדבה. די טעג האט הערר ב. ה. גאלדשמיט דעם בירגעמייסטער פון פראנקפורט־אם־מאין בעקאנט געמאכט, אז זיינע פרוי — די צווייטע טאכטער פון דעם באראן ווילהעלם ראטהשילד — גיט צום אנדענקען פון איהר פאטער, וואס איז געשטארבען דען 25 יאנואר 1901, איין מיליאן מארק א נדבה פאר ארימע מענשען. וויא מען ווייסט, האט די עלטערע טאכטער די פרוי פון עדמאנד דע־ראטהשילד אין פאריז אויך געגעבען אזא סומע צו מאכען אין טוינוס א שפיטאל.

— דער ציוניסטישער פרויען־פעראיין „בנות־ציון“ אין לאנדאן האט דעם 4 מאי געהאט א גרויסע אספה. אויף דער אספה האבען זיך די מיט־גליעדער בעשעפטיגט מיט דער פראגע, צו זאל זיך דער פרויען־פעראיין, וועלכער האט ביז איצט זעלבסשטענדיג געארבייט, פעראייניגען מיט אנדערע ציוניסטישע חברות צו איין איינציגעם גרויסען ציוניסטישען פער־איין, אדער בלייבען ווי פריהער אליין. מען האט בעשלאסען, זיך צו פעראייניגען.

נאכדעם האט מען געציילט דעם געלד־חשבון פון דעם יאהר. דאס געלד, וואס איז נאך געוועזען אין פעראיינס־קאססע, האט מען אויף אזא אופן פערטיילט: 10 פונד שטערלינג אויף דעם יודישען נאציאנאל־פאנד, בכדי דער נאמען פון דעם פעראיין בנות ציון זאל אריין געטראגען ווערען אין דאס „גאלדענע בוך“; אויף דאס יודישע האספיטאל אין טבריה, אויף דאס יודישע יתומים־הויז אין ירושלים, פיר דען פרויען־פעראיין אין צפת צו 20 שילינג; דאס איבריגע געלד האט מען אפגעגעבען אין דער אלגעמיינער קאססא פון די פעראייניגטע ציוניסטען.

יעני הירש, די בעריהמטע שריפטשטעלערין (שרייבערין) וואס האט זעהר פיעל אויפגעטהון פיר די פרויענבילדונג אין דייטש־לאנד, איז נישט לאנג געשטארבען. זי איז געבארען אין יאהר 1832 אין זערבסט. אין די יונגע יאהרען האט זיך איהר זעהר שלעכט געלעבט, דען בלייבענדיג א יתומה האט זי געמוזט דערנעהרין איהרע קלענערע ברידער. זי האט געקענט א אנהויב־שולע, וועלכע עס האט זיך איהר נישט איינגעגעבען. זי האט זיך דעמאלט געפריפט ווערען א שריפטשטעלערין און די פראבע האט איהר געפיהרט צום ריכטיגען וועג. אין יאהר 1860 האט זי בעקומען א שטעלע אלס מיטארבייטערין אין דער צייטונג „באזאר“, און פון דעמאלט אן איז זי געוועזען איינע פון די הויפט־ארבייטערין אין דער פרויענבעוועגונג אין דייטשלאנד, און האט פיעל ארטיקלען און גאנצע ביכער גע־שריעבען איינצופלאנצען ביי די דייטשע פרויען די ליעבע צו בילדונג און ארבייט, כדי זיך דערנאך צו קענען מפרנס זיין מיט זייער בילדונג אדער ארבייט. זי איז געווארען די סעקרעטארשע ביי דעם פרויען פעראיין וואס איז דעמאלס געגרינדעט געווארען אין דייטשלאנד, און אז אסך אזוינע חברות זענען געגרינדעט געווארען אין לאנד און מען האט זיי אלעמען געדארפט פעראייניגען, האט הירש געגרינדעט מיט פרוי פאני לעוואלד און נאך אנדערע א צייטונג פיר פרויען, זי זאל זיין דער הויפט־ארגאן פאר די פעראיינען. אין יאהר 1878 האט זי ארויסגעגעבען א בוך מיט דעם נאמען „הויז און געזעלשאפט

אין ענגלאנד". זי האט אויך פיעל ערציילונגען געשריבען, די בעסטע זענען: "פירשטין, פרוי, מוטער", "בעפרייט", "עלטערנס זינד", "שווערע קייטען", "די יורשים" און נאך אנדערע.

# קינדערשע עקשנות.

פון ד"ר ח. ד. הורוויץ.

יעדע מוטער ווייס וואס פאר א מין אונגליק דאס איז, צו האבען א קינד איין עקשן. אזא קינד גיט, ווי מען זאגט, די וועלט צו זעהען אלע מענשען אין הויז: די ברידער, די שוועסטער, טהיילמאלס אויך דעם פאטער, אבער מעהר פון אלעמען שטעהט געבעך אוים פון איין עקשנ'ישעס קינד די מוטער. א מאמע איז אלע מאל נעהנטער צום קינד, זי געפינט זיך מיט איהם אפטער און דאס קינד איז טאקי צו געבונדען צו דער מאמען מעהר וויא צו אלעמען, ממילא האט די מאמע מעהר פון אלעמען צרות פון דעם קינד, ווען עס האט אין זיך דעם גרויסען חסרון פון עקשנות. וואס פאר א מין ווילדע זאכען קען זיך צוקלערין איין עקשנ'ישעס קינד, וואס פאר א מין אכזריות קען דערביי א קינד אויסווייזען און באמת פארמוטשען דאס גאנצע הויז, בעזונדערס אבער די מוטער, — דאס ווייס יעדער, וואס האט זיך צוגעקוקט צו דעם לעבען פון קינדער, צו זייערע קאפריזען און עקשנות. אפט קומט פאר צו זעהען אזא מין בילד: א קינד וואלגערט זיך אויפען פאדלאגע, קלאפט מיט די פים, שרייט קולי-קולות, וויינט, אז עס איז א שרעק — מיט איין ווארט, עס קעהרט די וועלט. אז עס איז טאקע איין אימה. ארום איהם שטעהט די מאמע געבאך, א בלייכע, א צוטראגענע, א פארמוטשעטע, זי פריפט זיך מיט גוטען איינריידען דאס קינד אויפצושטעהען, זי גיט איהם אלערליי גוטע זאכען, שפילעכלעך, קארטינקעס, זי פרובט אויך ווייזען איהם דעם רוט, זי פרובט זיך שרייען, פרובט בעטען און וויינען, — עס העלפט גאר נישט . . . וואס זשע פארט וויל דאס קינד? גאר נישט. דאס קינד טענ'עט טאקי איין טענה: "איך וויל ניט". "וואס זשע ווייניסטו פארט — בעט זיך די מוטער, — וואס ווילסטו ניט?" . . די מוטער הערט ניט אויף צו רעדען, און דאס קינד הערט ניט אויף צו שרייען, צו קלאפען מיט די פים און צו טענ'ען: "איך וויל ניט". אזא מעשה קען איין אנדערס מאל דויערן שעות לאנג, און מען קען זיך קיין תרופה ניט געפינען, ווי איינצושטילען דעם דאזיגען קליינעם שלאק.

די קשיא: וואס טהוט מען געגען עקשנות? ווי מאכט מען, אז קינדער זאלען קיין עקשנים ניט זיין? דאס האט זעהר אגרויסע בעדייטונג אין דער ערציעהונג פון קינדער, בעזונדערס פאר יעדער מוטער.

ווילען מיר געבען אויף דער פראגע א ריכטיגע און פראקטישע אנטווארט, מוזען מיר צוערשט בעטראכטען, פון וואנען נעהמט זיך קינדערשע עקשנות, פאר וואס ווערט א קינד א עקשן?

אביסעל עקשנות ליעגט אין דער נאטור פון יעדעם קינד און מען קען דאס גאר ניט אנדערען, ריכטיגער געזאגט, מען טאר דאס גאר ניט אנדערען.

יעדעס קינד האט זיין אייגען וועלטעלע. וועלכעס איז זעהר פערשיעדען פון אונזער וועלט, פון דער וועלט פון גרויסע, ערוואקסענע מענשען. דאכט זיך, איין קינד לעבט מיט אונז אין איין הויז, זעהט די אייגענע זאכען וואס מיר, רעדט די זעלבע שפראך וואס מיר — און דאך איז אלעס גאנץ אנדערש ביי דעם קינד. א קינד האט א רייכע פאנטאזיע, מיט זיין פאנטאזיע בעלעבט ער די גאנצע ניט-לעבעדיגע וועלט. ווי עס האבען אמאל געטהאן די פארצייטיגע מענשען, ווי עס טהון נאך היינט די ווילדע מענשען. פאר דעם קינד לעבט אלץ דינג, וואס געפינט זיך ארום איהם. ניט נור זיין קוקלע לעבט, רעדט און פיהלט ווי דאס קינד אליין, — אויך דער טיש, די פענסטער, די וואנד — אלע זאכען וואס געפינען זיך אין שטוב רעדען, פיהלען און לעבען מיט זיין קינדישען לעבען. ער שפיעלט זיך גאנץ ערנסט מיט שטולען, טישען און אנדערע מעבעל-שטיק, ער פיהרט זיך אנגעשפרעך, א קינדערשען שמועס מיט די שטומע וואנד. ער ווערט מיט זיי אמאל ברוגז און דער נאך וויעדער גוט, ער שלאגט זיך מיט זיי, ער האט מיט זיי גאנצע געשעפטען, וועלכע די עלטערע מענשען פערשטעהן גאר ניט . . .

(פארטזעטצונג קומט.)

# פאר די מוטערס.

## ווען דארף מען אנזויגען דאס נייגעבארענע קינד?

דאס נייגעבארענע קינד לייגט מען צו צו דער ברוסט, ערשט 6 שעה נאך זיין געבורט. דאס מאכט מען בערך אלע צוויי שעה. דורך דעם וואס דאס קינד זייגט, ווערט ביי דער מוטער מילך. אויב ביי דער מוטער קומט קיין מילך ניט ארויס, וואס טרעפט זיך זעהר אפט ביי איין ערשטען קינד, דארף די מוטער זיך ניט מיאש זיין, און זי קאן ווארטען 2 מעת-לעת; געדויערט עס צוויי טעג און ביי דער מוטער איז ניט דא קיין מילך, מוז מען באלד נעמען איין אמע אדער אנהייבען נעהרין מיט בהמה'שע מילך.

ביז וואנען ביי דער מוטער ווייזט זיך ניט קיין מילך, מוז מען דעם נייגעבארענעם קינד געבען געקאכטע וואסער מיט צוקער, 2 שטיקלעך צוקער אין יעדער גלאז.

## וואס טהוט מען אז איין זויג-קינד שרייט?

די סבות, פאר וואס איין קינד שרייט, זענען פערשיעדען. טהיילמאלס שרייט איין קינד, ווייל ער ליגט ניט גוט (נאסע וויקעלעך, צונויפגעדרעהטע ליילעכלעך); ער שרייט, אז ער האט הונגער. זעהר אפט טרעפט זיך אבער, אז דאס זויג קינד שרייט, ווייל עס זאמלען זיך אסך גאזען אין בייכעל. די בעסטע סגולה הערצו צו לייגען א קאמפרעס, אדער רייבען דאס בייכעל מיט פראוואנסקע בוימעל.

## אלערליי.

**נאדלען אין מענשענס קערפער (גוף).** ביי די לעצטע זיטצונג פון דאקטוירים־געזעלשאפט האט דער פרעזידענט ד״ר וו. פאן טערעק פארגעשטעלט א יונג מיידעל, וואס האט זיך בעקלאגט אז עס זענען איהר ביים נייען „צופעליג״ עטליכע נאדלען אין לינקען פוס אריין. מען האט איהר באלד מיט א רענטגען־מאשינע אונטערזוכט און מען האט ארויס געפונען, אז אין די לינקע פוס איהרע זענען זיך צולייגט 19 נאדלען טהייל אין דער לענג טהייל אין דער ברייט. די נאדלען זענען אבער נישט ווי דאס מיידעל זאגט „צופעליג״ אין פוס אריין, נאר זי האט זיי זעלבסט אין פוס אריין געשטעקט. דאס מיידעל איז שטארק נערוועז און האט עס געטהון בשעת איהר קראנקהייט האט זיך געשטארקט. ליידער טרעפט זיך די מעשיות נישט זעלטען, אז נערוויאישע מיידלעך אדער פרויען שלינגען אראב אדער שטעכען זיך דורך די הויט מיט נאדלען אין קערפער אריין.

**לונאטין.** א אינטערעסאנטער צופאל פון א לונאטיק האט פאסירט אין יעקאטערינאסלאוו. ביי דער פאמיליע ב. ארום 12 א זייגער, אז אלע זענען שוין געשלאפען, האט הערר ב. פלוצלונג דערהערט ווי עמיצער געהט ארום אין צימער. ער האט געמיינט, אז דאס איז געוויס א גנב און האט דעריבער באלד אחאפ געטהון א מעסער וואס איז געלעגען ביי איהם אויפ׳ן נאכט־טישעל און שטיל אויפגעוועקט זיינע צוויי קרובים, וואס זענען אין דעם אייגענעם צימער געשלאפען, און אלע דריי האבען זיך גענומען חאפען דעם גנב און זענען נבהל ונשתומם געווארען דער־זעהענדיג פאר זיך: א יונג מיידעל, אויך א קרובה פון הערן ב., אנגע־טהון אין א מאנזבילשען פראק מיט א קאפעליוש און האלט א ברענענדיגע ליכט אין האנד און געהט מיט צוגעמאכטע אויגען פארזיכטיג ארום אין צימער. דערנאך איז זי אריין אין קיך, האט גענומען א עמער וועלכער איז דארטען געשטאנען, ארויס שטיל אויפ׳ן הויף צום קראן פון וואסער, אנגעצאפט דעם עמער און רוהיג צוריק אריין אין צימער. דערנאך האט זי געשווינד, גלייך ווי זי וואלט מורא האבען זי זאל נישט פערזאמען, גענומען געהן מיט דעם עמער וואסער אין שלאף־צימער פון הערן ב. און האט דאס גאנצע וואסער אין זיין בעט אויסגעגאסען. דעם עמער האט זי גע־לאזען אין שלאף צימער און איז אליין צוריק צו זיך אין צימער אריין, וואו זי האט זיך ווידער אין איהר בעט געלעגט. איהרע קרובים, וועלכע האבען דאס אלץ צוגעזעהען, האבען מורא געהאט איהר צו שטערען אדער צו וועקען און האבען איהר געלאזען אלץ טהון און נאר אכטונג געגעבען אויף אלע איהרע בעוועגונגען.

אין צוויי שעה ארום האט זיך דאס מיידעל אויפגעחאפט און דער קאפ האט איהר שטארק וויה געטהון און אז מען האט איהר געפרעגט פון דעם וואס זי האט געטהון, האט זי זיי אנגעקוקט שטארק פערוואונ־דערט און האט געמיינט אז מען לאכט פון איהר. ווי מען דערציהלט, טרעפט זיך דאס ביי דעם מיידעל שוין דאס צווייטע מאל.

**איין 68־יעהריגע סטודענטקע.** נאך פיערייעהריגעם לערנען האט איין אכט און זעכציג יעהריגע סטודענטקע אין סען־לואיזער (פער־איינינגטע שטאטען פון אמעריקא) אוניווערזיטעט בעקומען א דאקטאר דיפלאם. די נייע פרוי דאקטאר האט צוערשט אויפגעהאדעוועט איהר פאמיליע, אויסגעגעבען די קינדער, נאכדעם האט זי זיך גענומען צייט ממלא צו זיין איהר חוב אלס באבע. אין די יונגע יאהרען האט זי פון בילדונג נישט שטארק געהאלטען, ערשט פאר זעקס יאהרען האט זי זיך שטארק גענומען צום לערנען.

**די עלטסטע פרוי.** אין בודאפעסט איז אצונד פרוי אננא ברוין געבארענע ליטערסדארפער. זי איז געבארען אין מאנאט יאנואר 1799. די דאזיגע פרוי, וואס לעבט שוין אין דריטען יאהר־הונדערט, פיהלט זיך נאך גאנץ געזונד; איהר זכרון איז נאך נישט אוו[illegible]

א האהר שוואכער געווארען, זי הערט און זעהט גוט. זי האט זעהר לי[illegible] מיט האנדארבייט זיך צו בעשעפטיגען, ביי וועלכע זי האט נאך קיינמאל קיין ברילען נישט גענוצט. זי ציהט אפילו אליין דעם פאדעם אין נאדעל אריין. פרוי ברוין לעבט שוין פיעל יאהרען אין בודאפעסט ביי איהרע דריי קינדער וואס לעבען נאך און קלייבט נחת פון איהרע אייניקלעך און אור־אייניקלעך.

---


רעדאקטארען:

| פיר בעלעטריסטיק און פראווינץ־אבטהיילונג: | פיר פובליציסטיק און וויססענ־שאפט: |
| --- | --- |
| מ. ספעקטאר. | ד״ר ח. ד. הורוויץ. |

פערלאג: „פאלקסבילדונג״.


---

## פון דער רעדאקציע.

פון דעם דריטטען נומער „יודישע פרויען־וועלט״ הויבט [illegible] אן דרוקען א נייער גרויסער ראמאן אין צוויי טהייל מיט דעם נאמ[illegible]

### וועד ווייסט?

פון שלום עליכם.

אויך וועט זיך אנהויבען דרוקען אין די נאהענסטע נומער[illegible] „יודישע פרויען־וועלט״ א סעריע ארטיקלען מיט דעם נאמען:

### דיא פרוי

פון דוד פרישמאנן.

---

## געעהרטע אבאנענטען!

איבער א סבה, וואס מען האט ניט געקענט פאראויסזעהען, האבען מיר געמוזט איבערטראגען אונזערע צייטונגען אין א נייע דרוקערייי וואו מען האט ספעציעל פאר די צייטונגען בעשטעלט נייע שריפט און אויך איינגעפיהרט איינגע טעכנישע פערבעסערונגען וועלכע פאדערען א געוויסע צייט.

איבער דעם אלעמען און אויך כדי אונזערע צייטונגען זאלען קענען שטענדיג ארויסגעהען אין בעסטער ארדנונג, האבען מיר בע־שלאסען הערויסצוגעבען די „יודישע פאלקסצייטונג״ און די „יודישע פרויען־וועלט״ פון צווייטען נומער און ווייטער פון 1־טען יולי א[illegible] פון וועלכער צייט זיי וועלען פינקטליך ערשיינען יעדע וואך.

די אבאנענטען וואס האבען איינגעצאלט פון 1־טען א[illegible] ביז 1־טען יאנואר וועלען בעקומען די ביידע צייטונגען פון 1־טען [illegible] ביז 1־טען אפריל 1903. פערלאג „פאלקס־בילדונג״.

---

## אינהאלט:



Herausgeber Verlag »Volksbildung«. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck von S. L. Deutscher, Podgórze b. Krakau.